לינאַ עדעלבערג־ראַסקין

# לידער

מיט צייכענונגען פון
דער דיכטערין



נ י ו ־ י אָ ר ק
1958

## פרילינג

1

עס קומט דער פרילינג פון דאָס ניי,
און בליט און דופט דער וואונדער־מאַי;
פליען שמעטערלינגען אום,
הערט פון בינען זיך אַ זשום.

שפּראָצט דער זומער אין דער לופט,
אַ נייע צייט זי וועקט און רופט;
מיט ליבעס פרייד, מיט פרישן גליק —
די אַלטע צייט ווערט יונג צוריק.

2

נעמען בליען ווייס די ביימער,
און די וועלדער גרין;
פליסן טייכלעך, טאַנצן, מורמלען —
ווייס איך ניט וואוהין.

קומען פויגל פון די הימלען,
פליען פון בוים צום בוים:
שפּילן קינדער זיך ביים וואַסער —
עס איז אַ פרילינג־טרוים.

3

קומט דער פרילינג שטיל אַרונטער
צו איר געליבטער מוטער ערד;
קושט ער זי מיט הייסע שטראַלן,
באַשיינט מיט אַלץ וואָס זי באַגערט.

הויבט זי אָן פון גליק צו בליען,
קומט די זון מיט פרייד אַראָפּ,
מאָלט די וועלט זיך אין קאָלירן,
הויבן ביימער הויך דעם קאָפּ.

## נעכט

די נעכט זיינען מילדע,
דער הימל — ריין-בלאָ;
ציען זיך דינע וואָלקנס,
וואָס וואַרפן זיך דורך אין גראָ.

עס טונקט זיך די לבנה,
באַהאַלט זיך ווי אַ קינד;
קוקט אַרוים און שמייכלט,
פאַרוויגט איר אַ שטילער ווינט.

די בלעטער אויף די צווייגן
מורמלען שטיל און מיד.
אַ נאַכטיגאַל פון ווייטן
זינגט איר אָוונט-ליד.

## צוויי שכנים

עס ציט זיך אַ מוטנער וואַסער
דורך אַ גלייכן פעלד;
אָן ביימער און אָן בלומען —
פאַרבלאָטיקט און פאַרגעלט.

ביים ברעג ליגן שטיקלעך ברעטער,
וואָס ס׳וואַסער ברענגט אַהער;
ס׳ליגן אַלטע צעבראָכענע שיפלעך,
וואָס קיינער פאָרט אויף זיי ניט מער.

גרויע וואַסער־פייגל
שטעלן דאָ זיך אָפּ.
זיצט אַ מידער פישער,
רוט אוים זיין גרויען קאָפּ.

דאָ, גאָר נאָענט אין שכנות,
ברומט דער שטאָלצער ים;
הייבט און וואַרפט די כוואַליעס
דאָך האַלט ער זיי אין צאַם.

ער שפּאַסט פון קליינעם טייכל,
וואָס לויפט פאַרטראַכט און מיד;
נאָר איך האָב ליב דעם קליינעם וואַסער;
דערפאַר שענק איך אים מיין ליד.

## מיט די וואַסער-ליליעס

אין וואַלד פליסט אַ קליין טייכל,
די זון שיינט שטיל אַראָפּ;
די פויגל אויפן וואַסער
טונקען איין דעם קאָפּ.

זיי כאַפּן קליינע פישלעך,
דאָס איז זייער שפּייז;
אַרום די נאַסע שטיינער
שפּרינגען אום וואַסער-מייז.

איך וואַרף אין וואַסער שטיינדלעך,
דערזע מיין בילד אין טייך;
מיר דוכט איך וואַקס אין וואַסער,
מיט די וואַסער-ליליעס גלייך.

## אַ זומער רעגן

נאָך אַ טאָג אַ שווערן, הייסן
קוקט דער הימל אויס אַ בלויער:
מיט אַ מאָל נעמט דונערן, בליצן,
וואָלקנס ציען זיך אַלץ גרויער.

נעמען פאַלן טראָפּנס רעגן,
ביימער הויבן זיך אַלץ העכער;
פייגל פליען אין די נעסטן,
וואַשן זיך די הייסע דעכער.

און עס ווייעט אַ קילער ווינטל,
צווייגן וויגן זיך און זינגען;
און דער רעגן דורך די פענצטער
קלאַפּט און וויל אַריינדרינגען.

ווידער ווערט שוין אַלץ געלאָסן,
ווערט דער הימל בלוי פאַרצויגן;
ער קוקט אויס אויסגעוואַשן,
ציט זיך פון ווייט אַ רעגנבויגן.

## שטייט אַן אַלטער שלאָס

שטייט אַן אַלטער שלאָס ביים טייכל,
און דערבײַ דרייט זיך אַ מיל;
גיי איך יעדן טאָג אין וועלדל,
און קלייב בלומען אַזוי פיל.

קומט פון ווייטן אַן אַ וואַנדערער
און שטעלט מיך אָפּ אין וואַלד:
„זאָג מיר נאָר, דו ליבע קליינע,
זאָג, וויפל ביסטו אַלט?"

בלייב איך שטיין און קוק פאַרלאָרן,
און איך ענטפער אין דער שטיל,
אַז איך ווייס ניט וויפל יאָרן,
נאָר איך בין געבאָרן לעבן מיל.

גיט אַ שמייכל אָט־דער פרעמדער,
זאָגט: „דו ביסט נאָך גאָר אַ קינד;
וואַקסן וועסטו ווי אין וואַלד די בלומען,
און ווי די מיל וואָס דרייט זיך אין ווינט.

## ערשטער מײַ

דער פרילינג איז געקומען
מיטן ערשטן מײַ;
נעמט בליען אַלץ מיט פרייהייט;
ווערט יום־טוב פון דאָס ניי.

דער ווינטער וועט פאַרשווינדן
מיט זיינע גראָע טעג;
מיר ציען זיך דורך גאַסן —
פול פרייד פון ברעג צו ברעג.

## פאַרנאַכט

טונקט די זון זיך אין הימל,
טוליעט זיך אין די וואָלקנס איין;
דורך די בלויע דינע וואָלקנס
קוקט דורך פּורפּור־רויטער זונען־שיין.

בלוי אַרום ווערט אַלץ פאַרצויגן,
בערג און טאָלן שלאָפן באַלד
און פאַרשידענע צויבער־טענער
איר הערט פאַרנאַכט אין שטילן וואַלד!...

## שטיי איך אויף אַ הויכן באַרג

שטיי איך אויף אַ הויכן באַרג,
דאַכט מיר איך בין קליין;
און די וועלט פון ווייטן
קוקט מיר אוים וואונדער־שיין.

איז דער הימל אַזוי נאָענט,
ליגט די שטאָט אין טאָל.
לאַנגע גאַסן ציען זיך
און דעכער אָן אַ צאָל.

קריך איך פון דעם באַרג אַראָפּ,
הויבט די שטאָט זיך אויף;
עס ווענדט זיך ווי אַזוי מען קוקט,
אַראָפּ, אָדער אַרויף...

# אין די הויכקייטן

אין די הויכקייטן פון די הימלען
שטייגן בערג גאָר הויך אַרויף;
אין געדיכטע רייען
שטעלןביימער זיך צונויף.

פאַרגייט די זון הינטער די ביימער,
מישט זיך גאָלד מיט גרינע בלעטער;
און גאַנץ לאַנגזאַם ווערט טונקל,
מישט צונויף זיך פרי מיט שפעטער.

שאָקלען ביימער זייערע צווייגן
און אַלץ אַרום זיי זעען און הערן,
פאַרשטעלט מיט גרויען טוי איז די ווייטקייט,
און עס רינען פון די בלעטער טרערן...

## קומט דער ליבער זומער

קומט דער ליבער זומער,
פליסט אַ טייך אין גרינעם וואַלד,
באָדן קינדער זיך, גרויס און קליין,
בעטן — די זון זאָל ניט פאַרגיין.

פירט אַ פאַסטעך זיינע שאָף,
גיט אַ ווילדע ציג אַ לויף,
לאַכן קינדער פול מיט חן,
שטייט אין וואַלד אַ באַרג אַליין.

קריכן מיר אויף אים אַרויף,
עסן מיר אַלע יאַגדעס אויף,
לויפט פאַרביי אַ פלינקער האָז,
זעצן מיר זיך אויפן גראָז.

רייסן בלומען, וואונדער־שיין,
און דער טאָג וויל ניט פאַרגיין,
קומט דאַן אָן די בלויע נאַכט.
די לבנה קוקט און לאַכט.

שטיל און רואיק שטייט דער וואַלד.
וואו ניט וואו אַ פויגל שאַלט.
רעדט דער טייך צו זיך אַליין.
אַלע קינדער שלאָפן שוין.

זיצט דער פאַסטעך אויך פאַרטראַכט,
קען ניט שלאָפן אין דער נאַכט.
קומט אַ מלאך שטיל אַריין,
זינגט אַ ליד און שלעפערט איין.

הערט זיך אַ לידל פון אַ פלייט,
ליגן פעלדער ווייט פאַרזייט.
פליט אַ שמעטערלינג פאַרביי.
קומט אַ טאָג באַלד פון דאָס ניי...

## ביים שוואַנען טייך

ביים שוואַנען־טייך, וואו ווייסע ליליעס וואַקסן,
וואַרט איך פול מיט לעבנס־לוסט.
דער פרילינג רופט, וועלדער שאַלן —
מיט ליבשאַפט פול עס איז מיין ברוסט.

שטראָמען מענטשן, פריילעך, גליקלעך —
אַך, דאָס לעבן איז דאָך וואונדער־שיין!
קיינער, קיינער ניט שטעלט זיך אָפּ.
איך נאָר, איינזאַם, וואַרט אַליין...

## פאַרנאַכט

טונקט די זון זיך אין הימל,
טוליעט זיך אין די וואָלקנס איין;
דורך די בלויע דינע וואָלקנס
קוקט דורךפורפור־רויטער זונען־שיין.

אין בלוי אַרום ווערט אַלץ פאַרצויגן,
בערג און טאָלן שלאָפן באַלד:
פאַרשידענע צויבער־טענער
איך הער פאַרנאַכט אין שטילן וואַלד...

## אַ ווילדער געלעכטער

איך זיץ פֿאַרנאַכט אין הויז אַליין,
האַלט די אויגן צוגעמאַכט;
מיר שטעלט זיך פֿאַר אַ וואונדער־בילד,
ווי אַלץ אַרום מיר שטייט און לאַכט.

עס לאַכט ווער מיט צאָרן און מיט אַ הילף,
און עס לאַכט ווער מיט אַ ציינער־קריץ ;
עס שפּאַסט פֿון מיר דער ווילדער ים,
און אויך לאַכט דער דונער, און דער בליץ.

און אָט פֿלי איך גאָר הויך אַרויף,
און פּלוצעם איך פֿאַל אַרונטער מיט אַמאָל.
ווען איך עפֿן די אויגן אויף
לאַכט פֿון מיר באַרג און טאָל !...

## פֿון אַ הויכן באַרג

פֿון אַ הויכן באַרג דורך שטיינער
פֿליסט אַ וואַסער קלאָר אַראָפּ.
אין אַ קילן טיפֿן אָפּגרונט
פֿאַלט און קלאַפּט זיך דאָרטן אָפּ.

הילכט דער קלאַנג צווישן ביימער,
טיף אין געדיכטן וואַלד אַריין;
הערט איר אין דעם וואַלד אַ מורמלען —
שיקט די זון איר גאָלדן שיין.

## ניו יאָרק

איר האָט דאָ ניט קיין צייט
צו טראַכטן פיל;
איר ווילט האָבן רו —
אָבער ס'קען ניט זיין שטיל.

די נערוון אָנגעשטרענגט,
לעבט מען אָן אַ זין;
בענקט מען ערגעץ ווייט —
און מען ווייסט ניט וואוהין...

איר קוקט זיך נאָר אַרום,
איר גיט נאָר אַ טראַכט,
און שוין איז דער טאָג אַוועק —
און איר בלייבט אויסגעלאַכט.

עס לויפן מענטשן פיל,
און עס שטופּט אייך יעדער אָן;
ווילט איר בלייבן שטיין —
שטעלט איר זיך אין קאָן.

שלעפּט מען אייך מיט,
כאָטש איר ווילט ניט גיין;
אין דער שטאָט פון רעש —
איר וואַנדערט אום אַליין...

## עס פאַלן בלעטער

זיצט אַ מיידל שטיל פאַרטראַכט ;
איז דער זומער שוין פאַרביי ?
דוכט זיך ערשט האָט אַלץ געבליט —
און אַט — געל די בלעטער פונדאַסניי.

קוקט דער הימל גרוי און שטאַר,
פויגל פליען ווייט אַוועק ;
טראָגט דער ווינט מיט זיך דעם צער
פון דער מיידלס חלום־טעג.

פאַלן בלעטער רויט און געל,
פליען ווי נשמות אום ;
דורך די גאַסן אין דעם שטויב,
באַגלייט דער ווינט זיי מיט אַ ברום...

## האַרבסט

דער וואַלד איז טויט, דער וואַלד איז שטום ;
הערט זיך בלויז פון חיות דער ברום.
אַ קאַלטער ווינט נאָר פייפט און ברויזט
און לעשט דאָס לעצטע לעבן אוים.

דער וואַלד איז גרוי, ער שטייט אָן צוועק,
ציט דער זומער זיך ווייט אַוועק ;
און וואו־ניט־וואו, פליט דורך אַ טויב,
ליגן בלעטער אין שטויב...

## דער ווינט

טעג קומען און פאַרגייען שטיל,
דרייט אַ שטאַרקער ווינט די מיל.
עס מאָלט זיך און עס שטעלט זיך אָפּ —
ווערט ביי וועמען גרוי דער קאָפּ.

פירט מען וועמען שטיל אַוועק,
ווערט געבאָרן ווער אָן צוועק;
און דער ווינט ער ווינט אַלץ שטיל —
און ס'מאָלט דער ווינט די טעג אין מיל...

## צום ערשטן מאַי

די ערד האָט זיך באַפרייט
פון דעם ווינטער פון דעם קאַלטן;
אַזוי וויל דאָס פאָלק זיך באַפרייען
פון דעם לעבן פון דעם אַלטן.

ווי די פעלדער בליען אויף,
אַזוי בליען אויף די מאַסן;
מיט פרישן שטאָלץ, מיט נייעם מוט,
מאַרשירן זיי דורך די גאַסן.

דאָס האַרץ איז פריי! דאָס פּנים שטראַלט,
אַלע — אַזוי ווי איינער.
דאָס פאָלק מאָנט פרייד, דאָס פאָלק וויל גליק —
ס'ציטערן אַזש די שטיינער.

אַנטקעגן שיינט די זון,
באַלייכט די פרייהייט'ס טענער;
לאַנגזאַם שפּראַצט דורך לעבנס פרייד —
ס'פלאַטערן הויך די פענער.

## ווינטער

שטייען אַלטע בערג אין וואַלד,
גראָע בוימער — שטום און קאַלט;
פאַרדעקט מיט ווייסן — ליגט אַלץ אַרום,
אַ ווילדער ווינט בלאָזט מיט אַ ברום.

## ביים ברעג פון ים

ימען רוישן, כוואַליעס רעדן,
דערציילן פון אַ סך פריידן;
ווינטן ווייען, ווינטן וויינען,
פאַרשטיי איך ניט וואָס זיי מיינען.

וואו די פייגל פליען מונטער,
קוקט דער הימל שטיל אַרונטער;
שטיי איך ביי דעם ברעג און טראַכט,
ביז עס קומט אָן די נאַכט.

דאָס וואַסער טאַנצט אַרום די זוימען,
און פאַרטראָגן ווייט מיינע טרוימען;
די זון פאַרגייט אין שטילער פראַכט,
שטיי איך ביי דעם ברעג און טראַכט.

## פרייד

אַך! וואָס פאַר אַ גרויסע פרייד!
אַלץ אין מיר איצט ברויזט, זידט;
ווי אַ בלום אין פרילינג-צייט,
האָב איך ווידער אויפגעבליט.

ס'ווילט זיך שרייען אויפן קול,
לאָזן וויסן קינד-און-קייט;
אַרומנעמען די גאַנצע וועלט,
יעדן מיטטיילן מיין פרייד.

צו שווער איז מיר די גרויסע פרייד,
איך רעד צום הימל, צו דער ערד;
איך פיל איך האַלט עס באַלד ניט אויס —
איז מיר טאַקע אַזאַ גליק באַשערט?

## אין שטילע נעכט

אין שטילע נעכט, אין מילדע
דערוואַכן מאָדנע פאַרלאַנגען;
איך טוליע דעם קאָפּ אין קישן —
ס'טראָגן זיך טויזנטער קלאַנגען.

ס'שלאָפט די נאַכט אַ שטילע,
איך קען קיין רו ניט געפינען;
ס'רופן שטימען אין דער ווייטן —
איך טראַכט צי בין איך ביים זינען.

קוק אַרויס אין דער פֿינצטער —
ס'שוועבט די לבנה אַ שטילע;
ס'וועקט צויבער און אומרו —
איך הער אין דער שטילקייט אַ תפילה.

## אין בענקשאַפֿט

ס׳האָט דאָס האַרץ אין בענקשאַפֿט
שטיל געבעטן זיך אין ווײ;
שווער אַזוי אַליין צו טרוימען —
הערצער מוזן קלאַפּן צוויי.

אַך, עס בענקט זיך אַזוי פּײַנלעך,
און עס קלאַפּט אַלץ אַזוי גיך;
האָט זיך אַ צווייט האַרץ דערנענטערט
בענקען ביידע שטיל אין זיך.

## דאָס האַרץ

פֿאַרוואָס קלאַפּט דאָס האַרץ אַזוי מאָדנע?
פֿאַרוואָס וויין איך ווי אַ קינד?
ווי געשפּילט ס׳וואָלט אַ האַרפֿע,
פֿון סטרונעס באַרירטע פֿון ווינט.

עס מישט זיך געלעכטער מיט טרערן,
מען וויינט אויך, ווען מ׳פֿילט אַמאָל פֿרייד;
עס ווילט זיך אָפֿט ערגעץ־וואו באַהאַלטן,
ווייל צופֿיל דאָס האַרץ פֿילט און פֿאַרשטייט...

עס ווילט זיך גאַר לויפֿן און שפּילן,
אָפּשטעלן פֿאַרשטאַנד און געפֿיל;
קוקן גלייכגילטיק און שמייכלען,
נאָר דאָס האַרץ עס וויינט אין דער שטיל...

## פייגל זינגען

פייגל זינגען אזוי מונטער,
איז דער הימל לויטער בלוי;
אָפּגעלעבט אַ האַלב לעבן,
נאָר מיין קאָפּ איז נאָך ניט גרוי!

ס'קלינגט די וועלט מיט פרילינגס טענער,
ס'דרייט זיך ווי אַ גאָלדן ראָד;
איך נעם אַרום דאָס גאַנצע לעבן,
און טאַנץ מיט אים אַ קאַראַהאָד.

מיר אַרט ניט וואָס די נאַכט וועט ברענגען —
קוק איך אויף דער זון און קוועל;
מיט פרייד נעם אויף יעדן איינעם,
ווער נאָר עס באַטרעט מיין שוועל.

## אַלע מענטשן זיינען ליבע

אַלע מענטשן זיינען ליבע,
אַלע זיינען גוט;
אַלע קומען פון איין מאַמען:
פון זעלבן פלייש און בלוט.

אַלע ליבן, אַלע ליידן;
ס'קלאַפּט האַרץ אין יעדן מענטשן;
אַלע ווילן אַ וועלט אַ פרייע
און איינער וויל דעם צווייטן בענטשן.

יעדער פילט דעם זעלבן טרויער,
יעדער מענטש פאַרגייט;
מענטשן דאַרפן ניט זיין עלנט —
מיר קענען אַלע זיין דערפרייט.

## אַ חלום בלויז געווען

דאָס לעבן גייט מיר שטיל פאַרביי,
ניט באַמערקט, ניט באַטראַכט ;
שטיל אַזוי פאַרגייט דער טאָג,
ס'ווערט שוין שפּעט, ס'איז פאַרנאַכט.

אַ קוק אין שפּיגל,
און איך זע: עס איז אַזוי ;
אַ קנייטש דאָ און דאָרט,
און דער קאָפּ אויך שוין גרוי.

איך טראַכט פון יענע צויבער־טעג —
יונג, פריילעך, ליב און שיין ;
האָב איך געלעבט אין יענער צייט ?
צי איז עס אַ חלום בלויז געווען ?

## דער קאָנצערט

פליסן טענער ווייכע, צאַרטע,
בילדער לויפן שנעל פאַרביי ;
אַלטע טענער לאַנג געשפּילטע
קלינגען פאַר מיר ווידער ניי.

שטייגן טענער העכער, שטאַרקער,
נאָר מיטאַמאָל ווערט עס שטיל ;
אויך אַזוי קלינגט אָפּ מיין לעבן :
עס פליסט מיטן טאָן פון שפּיל...

# אין אַ נאַכט אַ בלויער

אין אַ נאַכט אַ בלויער
האָט אַ גלאָק ווייט געקלונגען ;
און אויף ביימער האָבן פייגל
אַזוי לוסטיק געזונגען.

און שטערן ווי ליכט
האָבן זיך היילִיק געצונדן;
האָט די לבנה אַ בלאַסע
באַלויכטן די שטונדן.

איז אַ פרוי דאָ געגאַנגען
אַ בלאַסע, אַ שטילע;
און עפּעס געמורמלט,
ווי זי וואָלט זאָגן אַ תּפילה.

פאַרלאָרן דעם גלויבן,
געענדיקט דעם דויער,
באַגלייט איר די וועלן
אין היילִיקן טרויער.

## ווען איך זאָל זיין

ווען איך זאָל זיין אַן עושר
האָב איך שוין אַ ציל;
איך בוי אַ פּאַלאַץ אויפֿן וואַסער
און לעב זיך ווי איך וויל.

וועל קענען ביינאַכט הויך זינגען,
ביי טאָג — וועל איך זיצן פאַרטראַכט;
און וויל איך די זון זאָל שיינען —
שיינט זי פאַר מיר אַ גאַנצע נאַכט.

איך וועל קיין מורא ניט האָבן,
אַז עמיצער וועט מיך זען;
און וואָס איך זאָל נאָר וועלן —
וועט דאָרט באַלד געשען...

מיט אַלע פיש פון וואַסער
וועל איך אָנפירן אַ שפּיל;
און זיך זעצן אויף אַ כוואַליע —
וואָס וועט מיך פירן וואוהין איך וויל!...

## איך האָב קיינמאָל...

איך האָב קיינמאָל קיין רייכטום ניט געהאַט,
און קיינמאָל ניט געווען אָרעם;
אַ רייכן פּאַלאַץ בוי איך אויס
פון מיינע אָרעמע חדרים.

האָב קיינמאָל קיין צירונג ניט געהאַט,
ווייל די זון באַצירט מיינע גלידער;
און מיט אוצרות פון דער וועלט
צעטייל איך זיך מיט מיינע ברידער.

דער פרייער הימל זאָגט מיר אָן,
אַז מיר קענען אַלע געניסן;
עפן איך טיר און טויער אויף —
און שפּאַן דורכן לעבן דורכן פרישן.

## ס׳איז קורץ דאָס לעבן

ס׳איז קורץ דאָס לעבן,
ס׳איז כמעט ניט גלויביק —
אָבער דער טויט —
ער ציט זיך אייביק.

איך ליב די גאַנצע וועלט,
אין איר יעדן מענטשן;
אין יעדער שעה אַ ליד —
איך טו אייך שטענדיק בענטשן.

## אין מיין שטילן אומעט

אין מיין שטילן אומעט
וועבט אַמאָל זיך דורך די פרייד ;
ווי אויף הייסע פעלדער
אַ ווינטל זיך צעווייט.

ס׳גייען שטיל די שעה׳ן
אָן צוויבער און אָן דראַנג ;
ווי ס׳טריפן וואַסער־טראָפּן
איינזאַם, קלאַנג נאָך קלאַנג.

## אַליין

אַליין אין דעם חדר,
די אויגן פול טרויער ;
ווייט ציט זיך דער הימל
פאַרביי דעם פענצטער — אַ בלויער.

אַ מאַיאיקער ווינטל,
באַוועגט קוים די צווייגן;
ס׳טראָגט זיך אַ תפילה
אין קרענקלעכן שווייגן.

ס׳דרינגט דורך דער פרילינג
אין לעבן דעם גרויען,
אַ בענקענדיקע שטילקייט
אין פאַרנאַכטיקע שעה׳ן...

## עס בענקט זיך . . .

גערווידמעט תלוש׳ן

ס׳בענקט זיך נאָך די אַמאָליקע טעג,
נאָך יונגע, פאַרגאַנגענע יאָרן
ליגן זיי ערגעץ ביי אַ ברעג ?
וואָס איז פון זיי געוואָרן ?

וואַרטן זיי ערגעץ אויף מיר ?
זאָל איך זיך לאָזן זיי געפינען?
זיי אויפטויכן און אַרומנעמען,
זיי אויסלייטערן אין אַ נייעם באַגינען ?

צי אפשר איז גאָר היינט דער נעכטן,
און אפשר איז אויך היינט דער מאָרגן ?
אפשר קען איך זיי ניט דערקענען
און איך טו אומזיסט זיך זאָרגן?...

## זעסט...

זעסט טרויער אין מיינע אויגן,
און ליידן אָן אַ שיעור ;
בעטסט איך זאָל דיר אַלץ דערציילן,
העלפן ווילסטו מיר.

ניין, איך וויל פאַר דיר ניט קלאָגן,
די צייט איז קורץ און שיין ;
איך זע אויך ליידן אין דיינע אויגן.
העלף זיך צוערשט אַליין !...

## איך בין שטיל און זאָל אַריין

איך בין שטיל און זאָל אַריין;
די מוזיק האָט שיין געשפּילט;
די ליכט און וואַרעמען שיין,
האָט אין פרייד מיך געהילט.

איך פיל די פרייד אין מיר,
מונטער-יום-טוב׳דיק, — אַלץ שיינט.
בלומען ברענגט אַ קינד צו מיר,
געשיקט האָט דאָס אַ פריינט...

איך נעם פאַרשעמטערהייט די בלומען צו,
שנעל קוק זיך אום צום טיר;
שטיל דאָרט שטייט זיך אַ יונגערמאַן,
און קוקט אומעטיק אויף מיר.

ריים איך גלייך אַ בלום אַראָפּ,
און טראָג אים צו מיט שרעק;
און ווערט שפּעט די שעה,
גיי איך שטיל אַוועק.

איצט גיב איך אָפט פון אים אַ טראַכט,
צי איז ער ערגעץ דאָ?
די בלום איז דאָך שוין לאַנג פאַרוועלקט —
זיין קאָפּ איז זיכער גראָ.

און אפשר שטייט ער נאָך און וואַרט,
אין יענעם זאָל ביים טיר;
די בלום געפּרעסט צום הארצן שטאַרק
און וואַרט נאָך אַלץ אויף מיר?...

## פאַרוואָס

פאַרוואָס שרעקט אַזוי מיך די פינצטערע נאַכט,
אַז איך קען קיין אָרט זיך ניט געפינען;
עס ציען זיך שאָטנס מיסטיש און גרוי
ביז עס קומט אָן דער באַגינען!

דער פרימאָרגן — רואיק, שמייכלענדיק און צאַרט.
טוט לאַנגזאַם די שרעקן פאַרטרייבן;
ניט קומען צוריק זאָל די פינצטערע נאַכט:
אויף אייביק זאָל ליכט נאָר פאַרבלייבן.

## בענקשאַפט

עס נאָגט און בענקט דאָס האַרץ אין מיר,
עס איז שווער צו פאַרשטיין.
פאַרלאַנגען זיינען אַזוי גרויס
און איך בין אַזוי קליין.

עס ווילט זיך זען וואו אַ וועג,
און פון יעדעס גליק געניסן.
בין איך אָבער אַזוי שוואַך —
מוז איך מיר אין זיך איינשליסן...

# איז דאָס לעבן

איז דאָס לעבן אַזוי וואָכיק,
שלעפּן טעג זיך אָן אַ ציל.
נאָך אַ יום־טוב, נאָך אַ גרויסן
בענקט דאָס האַרץ אין דער שטיל...

ווינקען טעג צו מיר און שמייכלען,
און פאַרשפּרעכן אַזוי פיל.
וואַרט און האָף איך גאָר געדולדיק
או עס בענקט זיך אין דער שטיל...

## צוויי ליבסטע

גע‌שיפט האָבן זיך צוויי ליבסטע
אין אַ שיפל אויפן וואַסער אַליין.
ער האָט געקוקט ווייט פאַר׳חלומ׳ט,
זי האָט געשמייכלט פיל חן.

דאָס וואַסער האָט געוויגט און געמורמלט,
די זון האָט געוואַרעמט גאַר שטיל;
אַ ווינטל האָט געגלעט אירע לאָקן
און געבראַכט אים האָפנונגען פיל...

דער וואַלד האָט שימערירט און געוואונקען,
פאַר ביידן אַ צוקונפט פון פרייד און פראַכט;
דאָס שיפל געשוואומען איז ווייטער,
ביז שטיל איז געקומען די נאַכט...

איך האָב ליב דיינע אויגן — זיי ריידן,
און דערציילן מיר פאַרשידענע סודות;
זיי רופן און לאַשטשען און בעטן זיך שטיל —
ביסט אויף מיר קיין מאָל ניט ברוגז.

איך לייען אין דיינע אויגן אַ הימלישע שפּראַך —
אַ שפּראַך, וואָס מען דאַרף קיין מאָל ניט ריידן;
אַ שטילער דאַרפסטו נאָר קוקן אין מיינע אויגן
דאַן דערציילסטו מיר פון טויזנטער פריידן...

## פרייד און טרויער

ס'וועבט זיך שטיל אַ טרויער־ליד,
כאָטש פול מיט פרייד איז מיין געמיט;
ווייל דער צער איז דאָך פון היינט,
די צוקונפט — פול מיט פרייד זי שיינט.

דער מאָרגן ווערט דאָך צוגעגרייט,
אַז יעדער מענטש זאָל זיין דערפרייט;
איצט וואַנדער איך שוין ניט אַליין
און זינג מיין ליד אויך אָן געוויין.

## גליק

מען האָט מיר געעפנט די אויגן,
געגעבן אַ פּאַלאַץ אָן גליק.
כ'בין אַרוים גליק געפינען,
און קען מער ניט קומען צוריק.

אַזוי האַלט איך אין וואַנדערן, זוכן
ביז פאַרלאָרן כ'האָב מיין וועג;
און עס שטייט דער פּאַלאַץ אַ פּוסטער,
און ווייט בין איך פון ברעג...

## מיט דיר...

כ׳וואָלט מיט דיר געלאָפֿן איבער לאָנקעס,
כ׳וואָלט מיט דיר געפֿירט אַ שפּיל;
כ׳וואָלט מיט דיר שפּאַצירטביים וואַסער,
כ׳וואָלט מיט דיר געזעסן שטיל.

ווען דו רעדסט צו מיר —
איך פֿיל אין האַרצן גליק;
הער איך ריידן דיך...
הער איך הימלישע מוזיק...

## צו...

1.

ביסט אײַפֿערזיכטיק אויף מײַן קלייד,
וואָס נעמט מײַן לײַב אַרום.
בײַ מײַן טיר בלײַבסטו שטיין,
בלאָס אַזוי און שטום.

ביסט אײַפֿערזיכטיק אויפֿן ים,
וואָס שפּיגלט אָפּ מײַן געזיכט ;
און אויף דער זון וואָס שײַנט,
און שיקט צו מיר איר ליכט.

וואַנדערסט אום פֿאַרצווייפֿלט,
דעם קאָפּ געבויגן אין געוויין ;
שווער איז דיר די וועלט,
דו קענסט ניט זײַ אַליין...

2.

קומסט נעמען ס׳ביסל וואַרעמקייט,
וואָס איז פֿאַרבליבן,
אײביק וועסטו אַזוי
געטרײַ און שטיל מיך ליבן.

יעדעס מאָל גייסטו אַוועק
מיט אַ ביסל טרייסט אין לעבן ;
אַ ביסל פֿרייד, אין אַ גראָער שעה
איך וועל אַמאָל דיר געבן.

ווען איך בלײַב אַליין,
און אַלץ איז פּוסט און גראָ ;
אײן טרייסט האָב איך דאַן —
דו ביסט ערגעץ דאָ...

עס גייען שטיל די שעה׳ן,
זיי גייען אומבאַמערקט פֿאַרבײַ
און עס בליען אויף חלומות
ווי אין פֿרילינג, אין מאַי...

## איך חלום...

איך חלום פון אַ קליינע הויז,
פאַרפלאַנצט אַרום מיט בלומען,
און ליבע צאַרטע קינדערלעך
צו מיר זאָלן קומען.

אויפן דאַך פון קליינעם הויז
וואוינען זאָלן ווייסע טויבן,
און פייגעלעך, קליינע אַ סאַך
זאָלן פּיקן אין די שויבן...

## צום ים

קוק איך אויפן טיפן ים,
און הער זיך צו צו די כוואַליעס רייד;
דאָרטן ווייט אַוועק פון דאַנען
איז דאָס לעבן פול מיט פרייד.

אַך דו ליבער, שיינער ים,
נעם און טראָג מיך ווייט אַוועק,
מיר אַרט ניט וואוהין דו וועסט מיר פירן —
נאָר לאָז מיך ערגעץ ביי אַ ברעג.

וואו די פּאַלמען־ביימער וואַקסן,
וואו דאָס לעבן איז פול מיט גליק,
און ווען בענקען כ׳וועל נאָך מיין עלנט —
פירן זאָלסטו מיך צוריק.

## אָפּגענאַרט

איך וואַרט אויף מיין געליבטן —
ליג איך שטיל און טראַכט;
ער איז ניט געקומען,
געוואַכט א גאַנצע נאַכט.

און אַט איז שוין פרימאָרגן,
כ׳בין מיד און אָפּגענאַרט ;
ער האָט מיך פאַרביטן...
אויף א מלכה פון א קאָרט...

## דער רוף פון לעבן

צרות, גליקן, שמערצן, פריידן —
אַלץ מישט זיך אוים ;
ווען מיר גיט אַ רוף דאָס לעבן
לאַך איך זיך פו אַלעם אוים.

אַך ! דאָס לעבן איז קורץ
די פריידן זיינען קליין ;
די זעלבע שטיקלעך פריידן,
ניט אויף לאַנג וועלן זיין...

## איך ליב דעם בלויען הימל

איך ליב דעם בלויען הימל,
וואָס מאַכט פאַרגעסן מיך אָן די לייד;
עפּעס וואָס־נאָר פון לעבן —
קען באַשאַפן פרייד.

אַפילו אין די טיפסטע ליידן,
ווילט זיך לאַכן פריי;
גיט נאָר די זון אַ וואַרעם —
לעב איך אויף פון דאָס ניי!

## ווען דער שטורעם

ווען דער שטורעם פון מיין לעבן
וועט לאַנגזאַם זיך איינשטילן,
וועלן צוריק זיך ציען די כוואַליעס,
און שטיין בלייבן וועלן די מילן.

איצט ציען די טעג זיך שטיל, געלאַסן,
און דער הימל ווערט אַלץ מילדער;
קוק איך דורך מיין לעבנס פענצטער,
און ווייט פאַרציען זיך מיינע טרוימען־בילדער.

## ...װעט אַ װינטל

װעט אַ װינטל מיך פֿאַרװיגן,
װי אַ צװײַג פֿון בױם;
װײַל עס איז דאָ שװער צו לעבן
אָן אַ ציל און אָן אַ טרױם.

אַלע טרױמען אױסגע׳חלום׳ט,
דאָס בענקען לאַנג דערפֿילט;
דאָס אָנגעשטרענגטע פֿילן
איז אױך שױן אײַנגעשטילט.

איז פּוסט אַרום און אומעטיק,
און איך זיץ דאָ אײן אַלײן;
קומט דער װינט און פֿײַפֿט אַ ניגון —
קען ער מיר פֿאַרשטײן?

## צו אַ פֿײגעלע

דו קוקסט פֿון בױם אַראָפּ צו מיר אין פֿענצטער,
פֿילסט אָן מײַן צימער מיט הימלישער מוזיק.
איך עפֿן דאָס פֿענצטער און דו פֿליסט אַרײַן,
קוקסט אױף מיר און דו פֿליסט באַלד אַרױס צוריק.

קוק איך אַרױס צו דיר און בין דיך שטאַרק מקנא,
װען איך קען, װי דו, דערגרײכן גאָר װײַט,
זיך דערװיסן די סודות פֿון בערג און הימלען,
און מיט הימלישע לידער דערפֿרישן די צײַט.

## אין דער פרי

בלוי און מילד דערוואַכט די וועלט,
די לבנה ציט זיך שטיל צוריק;
די זון קוקט שמייכלענדיק אַרוים,
ציטערן שטראַלן פול מיט גליק.

## פאַנטאַזיע

עס ברויזט דער ים, עס שטייגן הויך די כוואַליעס,
עס ברומט דער ווינט, און איך בין פול מיט שרעק.
געדיכטע, גרוי־שוואַרצע וואָלקנס
ציען זיך העט ווייט אַוועק.

און מיר דאַכט: דאָס גאַנצע לעבן
און אַלץ אַרום וועט אונטערגיין;
איך אַליין נאָר וועל ביים פענצטער דאָ
אַזוי פאַרטראַכט זיך בלייבן שטיין.

און דאַן, אַ נייע וועלט וועט אויפגיין —
דער הימל ווידער קלאָר, דער ים — געשטילט;
און איך אַליין נאָר וועל וואַנדערן
אויף הויכע בערג אין ווייסן געהילט!...

## פאַרלאַנגען

עס נאָגט און בענקט דאָס האַרץ אין מיר,
עס איז שווער מיר צו פאַרשטיין.
פאַרלאַנגען זיינען גרויס אַזוי,
און איך בין אַזוי קליין...

עס ווילט זיך זיין וואו נאָר אויף וועגן,
און פון יעדן גליק געניסן,
בין איך אָבער אַזוי שוואַך, —
מוז איך מיר אין זיך איינשליסן.

## דאַכט זיך, די וועלט איז גרויס

דאַכט זיך, די וועלט איז גרויס און מעכטיק
און איך, — קליין אַזוי, — זיץ און טראַכט ;
אַז ענג איז אַרום אַלץ און פינצטער,
ענג אַרום איז און פאַרשמאַכט.

פול די וועלט איז מיט לופטיקע הימלען,
נאָר עס שטיקט און עס פילט זיך ניט פריי ;
אָ, וועלן וואָלט איך הימל און ערד אַרומנעמען,
און לופטיק-ריין, אַלץ זאָל זיין אויפסניי.

## אַליין

איך האָב ליב די ווייטע פעלדער,
וואָס ציען זיך ווייט אַוועק;
די בערג וואָס שטייגן אין הימל,
און וועלדער אָן אַ ברעג.

אַט שלענגלט זיך אַ וואַסער,
און מורמלט צווישן שטיין;
געדיכטעביימער טוליען זיך,
וואו איך וואַנדער אום אַליין...

כ'האָב ליב אַזוי צו בלאָנדזשען
און ניט וויסן פון קיין צייט,
זיך אַליין פאַרלירן
פון אַלעמען — ערגעץ ווייט...

## אין באַן

ליגן שטעטלעך שטיל פאַר'חלומ'ט
און פאַרדעקט מיט ווייסן שניי.
לויפט די באַן פאַרביי, פייפט הויך,
און פון הינטן לאָזט זי זיי.

קוקן ליכט אַרויס דורך פענצטער,
פינקלען אומעטיק פאַרטראַכט;
צו דער באַן וואָס לויפט און טומלט,
און רייסט די שטילקייט דורך פון נאַכט.

## ווען איך...

ווען איך אַנטלויפֿן קען פֿון מענטשן־טומל
אין שטילן וואַלד פֿון באַרג און גראָז,
וואו פֿרידלעך פֿליסט זיך אַ קליין טייכל,
און זאָרגלאָז שפּרינגט אַרום דער האָז —

וואָלט איך דאָרט זיך געבויט אַ הייזל
און געלעבט זיך גאָר אַליין;
וואָלט געלעבט גלייך מיטן פֿויגל,
פֿאַר מיין פֿריינט געמאַכט אַ בוים.

וואָלט איך שפּיגלען זיך אין וואַסער,
צו דער זון וואָלט איך געקוקט;
דאָרטן וואָלט איך שרייבן לידער,
נאָר איך וואָלט זיי ניט געדרוקט...

## איך זינג

איך זינג שטילע לידער,
טרויעריק און באַנג;
דאָס זיינען לעבנס־טענער,
דאָס איז מיין לעבנס־קלאַנג.

די שעה פֿאַרגייט אין ערגעץ,
זי קומט ניט מער צוריק;
די נשמה בענקט ערגעץ־וואו
נאָך אַ ביסל גליק...

## די פרייד פון אַמאָל

איך הער פון גלאָק — די זיסע קלאַנגען,
דאָס רוישן פון די זאַנגען;
אויפן שטילן פעלד —
אין דער זומערדיקער וועלט.

איך הער די טענער אין דער לופטן,
פון וואַלד די זאַנפטע דופטן,
און דער פויגל מיט זיין זיסן קול,
ברענגט צוריק די פרייד מיר פון אַמאָל...

## זאָגסט: איך בין...

זאָגסט: איך בין אַ שלעכטע;
איך האָב גערויבט דיין רו;
איך בין דאָך ניט שולדיק,
פונקט אַזוי ווי דו.

זאָגסט, כ'האָב געשטערט דיין שטילקייט,
און עס טוט דיר באַנג;
אין לעבן אין דיין שווערן,
אין דיין זון-פאַרגאַנג.

זאָגסט, די זון נעמט שיינען,
ווען דו זעסט מיין בליק,
אין דיינע שטילע ליידן,
געפינסטו אַזויפיל גליק...

## פאַרוואָס ?

פאַרוואָס שרעקט אַזוי מיך די פינצטערע נאַכט,
אַז איך קען זיך קיין אָרט ניט געפינען ?
עס ציען זיך שאָטנס פינצטער און גרוי
ביז עס קומט אָן דער באַגינען.

די פרימאָרגן — רואיק, שמייכלענדיק און צאַרט,
פאַמעלעך ער טוט די שרעקן פאַרטרייבן ;
אַז ניט קומען צוריק זאָל די פינצטערע נאַכט —
און אויף אייביק עס זאָל ליכט נאָר פאַרבלייבן...

## מאַסן...

שטייען מאַסן קעפּ געבויגן
און ווייסן ניט ווי אויפצושטיין ;
הויבט זיך איינער אויף פון טויזנט,
גיט אַ רוף און הייסט זיי גיין.

נעמען מאַסן ערשט באַגרייפן,
ווי אַזוי מען הויבט די קעפּ ;
און זיי וואַרטן אויפן פירער,
ער זאָל ווייזן זיי דעם וועג.

ווילן מאַסן ערשט זיין גליקלעך ?
מוזן זיי אַליין פאַרשטיין ;
און ניט וואַרטן אויף קיין פירער —
ווייסן דעם וועג פאַר זיך אַליין.

## אַביסל רו

איך גאַר נאָך אַביסל רו,
און קען עס ניט געפינען,
אפשר ביסטו מיין חלום,
מיין חלום פון באַגינען?

איך זוך אַרום דיך,
צווישן שטורעם און צער,
אפשר איז דאָרט מיין רו,
אין טאָג פון געפאַר?...

## שיין איז דאָס לעבן

שיין איז דאָס לעבן,
היים איז דאָס בלוט;
מיר אַקערן, זייען
און שניידן מיט מוט.

פאַר אַ פרייערן לעבן,
פאַר אַ בעסערער צייט;
קומט, ברידער און שוועסטער,
און שטייט ניט פון ווייט.

גענוג שוין די טענות,
גענוג שוין דאָס שפּיל;
אַלע אידעאַלן
האָבן איין ציל.

דאָס גאַנצע לעבן
זאָל ווערן באַפרייט;
קומט ליידנדע מענטשן
זייט ניט צעשיידט...

## אַ נײַ ליד

ניט בויג דײַן קאָפּ,
דער טאָג איז פרײַ,
ס'קומט אַ לעבן פריש און נײַ;
די זון זי שײַנט, זי רופט און ווינקט
אַ נײַ ליד אין האַרצן זינגט . . .

## אין מעדיסאָן סקווער גאַרדן

אין מעדיסאָן סקווער גאַרדן
איך זיץ דאָרט גאָר פון אויבן,
און קוק פון ווײַט אַראָפּ,
ווי בלומען אין אַ גאָרטן,
קוקט אוים אַיעדנס קאָפּ.

אַזוי ווי בײַטן אויף די פעלדער,
וואָלטן ליגן ווײַט פאַרזייט;
און אַזוינע צויבער טענער
איבער זיי זיך שפּרייט.

## נייע טענער

עס וועקן זיך אין מיר,
אַלט־פֿאַרגעסענע קלאַנגען;
טענער גאָר ווייטע; —
מיט שטאַרקע קלאַנגען.

איך הער נייע טענער
פֿון אַ זעג, אַ האַק און אַ שמיד;
פֿון שטעקנס און פֿון אייזנס —
ס׳קלינגט אַ נייע ליד.

לידער פֿריי, אָן קונצן,
אָן מייסטער, און אָן מי;
ס׳רופֿט צום קאַמף און לעבן,
מיט אַ וואונדער האַרמאָני.

# מיטן לעבן — אַ שפּיל

.1

דאָס האַרץ טוט מיר שטאַרק ווײ
נאָר איך וויל פאַר קיינעם זיך ניט קלאָגן;
לאַך איך, און שפּאַס אַ גאַנצע נאַכט,
ביז עס הויבט אָן טאָגן.

ווען די ליידן זענען גאָר גרויסע
וויל איך אַליין זיי ניט פילן —
מיך אַרט שוין ניט וואָס איך טו
מיטן לעבן וויל איך זיך שפּילן.

.2

ווי זאָל איך עס נעמען ערנסט?
אַז אַלצדינג איז נאָר אַ שפּיל;
מיר זענען אַלע קינדער —
און מיר שפּילן זיך, און בלייבן שטיל.

שפּיל איך זיך מיטן לעבן,
שפּילט דאָס לעבן זיך מיט מיר;
ווען עס קומט אָן אַ קליין ווינטל,
צעווייעט אונדז, ווי שטיקלעך פּאַפּיר.

שפּילן מיר זיך אָן אַביסל
און פאַרגיין ענדלעך שטיל;
קומען נאָך אונדז נייע קינדער —
און פירן ווייטער אָן דעם שפּיל...

## עס בויט זיך שוין

עס בויט זיך שוין דאָס פרייע לאַנד,
איך האָב אויך אין דעם לאַנד אַ חלק;
עס ווערט פאַרווירקלעכט מיין קינדער־טרוים,
יעדנס גליק וועט דאָרט זיין הייליק.

עס וועט זיך בויען לאַנד, נאָך לאַנד,
אַ מוסטער פון דעם ערשטן;
בויגן וועט דעם קאָפּ פון שאַנד,
דער, וואָס האָט פאַרשקלאַפט אַממערסטן.

## שטורעם־ווינטן

שטורעם־ווינטן ברעכן צווייגן,
פליען ערגעץ ווייט;
זינגען פויגל אין די נעסטן
פון אַ נייער צייט.

## מיינע פריינד

איך זאָג צו מיינע פריינד ;
איר זענט מיר אַלע טייער.
מיין פריינדשאַפט און מיין ליבע —
ברענג איך אייך צושטייער.

מיך וואַרעמט מיין נשמה,
ווען איך הער אַ וואָרט אַ ליבן,
איך האָב אייך אַלע ליב,
איר זייט די איינציקע מיר פאַרבליבן.

איך טייל אייך צו
פון האַרצן די ריינע ליבע ;
און איך נעם פון אייך די פרייד,
אין מיינע טעג די טריבע...

## ווען דער טאָג איז שטיל פאַרגאַנגען

ווען דער טאָג איז שטיל פאַרגאַנגען,
האָט דאָס קינד געטאָן אַ פרעג :
זאָג מיר נאָר, מיין ליבער פּאַפּאַ,
וואו קומען אַהין די אַלע טעג ?...

גייען זיי אַרויף אין הימל,
און זיי רוען דאָרט זיך אוים ?
און ווען די זון הויבט אָן צו שיינען,
קומען זיי צוריק אַרוים ?

פאַרטראַכט ענטפערט דער פאָטער :
מיט פיל טרויער אין זיין בליק :
טעג, מיין קינד, קומען אַלץ אָן נייע,
די אַלטע קומען ניט צוריק.

## אַ דערמאָנונג

ער האָט פֿאַר מיר געשפּילט גיטאַר,
געקוקט אויף אים — איך האָב פֿאַרטראַכט;
מיר האָבן ביידע ערגעץ-וואו געבענקט,
אַזוי אין בענקען פֿאַרגאַנגען איז די נאַכט.

מיר זיינען אַוועק צום ברעג פֿון ים,
ס'איז שטיל געווען אין פֿרימאָרגן.
באָרוועסע האָבן מיר שפּאַצירט אין זאַמד,
און פֿאַרגעסן אין אַלע גרויע זאָרגן...

## דער קאָפּ ווערט גרוי

דער קאָפּ ווערט גרוי,
די קנייטשן — אַלץ מער;
די אַקסלען — געבויגן,
דאָס לעבן — שווער.

געהאַפּט האָב איך
דאָס לעבן ווערט באַנייט;
נאָר די אויגן קוקן אַלץ נאָך מידע —
און בענקען נאָך אַ נייער צייט...

* * *

אַ הימל אַ גראָער,
אַ באַרג אַן אַלטער ;
אַ וועג אַ לאַנגער,
אַן אָפּגרונט אַ קאַלטער.

## דאָס לעבן

האָב געוואָלט אין דער ליכטיקייט קוקן —
האָט פאַרשטעלט זיך מיט וואָלקנס דער שיין ;
געפירט אין וועגן צו שווערע —
פאַרבלאָנדזשעט אין אָפּגרונט אַריין.

אַ הימל מיט אַן אָפּגרונט אַ טיפן —
ליגן מענטשן פאַרמאַטערט פון זינד ;
וויסטע נשמות, וואָס זוכן אַן אָפּרו,
פאַרשליידערטע אַהער פון ווינט.

איך דריי זיך דאָ מיד און פאַרצווייפלט,
איך וויים ניט ווי קום איך אַהער?
עס איז דאָ אוממעגלעך צו בלייבן
נאָר אַוועקגיין פון דאַנען איז צו שווער...

## פסח

עס איז דער יום-טוב אַזוי גרויס,
אַלץ ווערט היינט באַנייט;
זאָל דאָס טאַקע זיין דערפאַר
וואָס מיר זיינען פון פרעה'ן באַפרייט?

וואונדער טוט זיך אָן אַ שיער,
אאליהו הנביא קומט אַריין;
און גיט אַ זופּ פון שענסטן כוס,
וואָס שטייט פאַר אים פול מיט וויין.

איך הער זיך צו צו די מעשהלעך,
וואָס מען דערציילט אָן אַ שיער;
און פרעגן ווילט זיך מיר אַ סך —
קשיות מער ווי פיר...

ווייל שקלאַפן זיינען מיר נאָך היינט,
און ליידן גאַר אָן צאָל;
וואָס פייערט איר אַ יום-טוב איצט
פאַר שקלאַפן פון אַמאָל?...

## דער לאָמפּן-צינדער

וועז עס נעמט נאָר ווערן פֿינצטער
און דער טאָג איז שוין פֿאַרביי,
גייט גאַנץ שטיל אַ לאָמפּן-צינדער
און מאַכט ליכטיק פֿון דאָס ניי.

אַזוי באַלייכט ער אָט-די וועגן —
אַ גאָלדן קייט פֿלעכט זיך אין פּראַכט;
מ׳ישט זיך ליכט אוים מיט די שטערן,
ווערט פֿאַר אונז באַגליקט די נאַכט.

קערט זיך אַליין דער לאָמפּן-צינדער
אין זיין שטיבל שטיל צוריק;
איז זיין שטיבל קאַלט און פֿינצטער,
עס ברענגט די נאַכט אים ניט קיין גליק...

## גיי איך לאַנגזאַם

גיי איך לאַנגזאַם שטיל אַרום,
בין מיט זיך פֿאַרטראַכט;
האָב דערווייל ניט באַמערקט
ווי עס קומט אָן די נאַכט.

איך האָב צופֿיל גע׳חלומ׳ט נאָר,
געקוקט פֿון ווייט מיט שרעק;
צו שפּעט האָב איך זיך אויפֿגעכאַפּט —
דער טאָג גייט שוין אַוועק!

## צעבראָכענע לעבנס

צעבראָכענע לעבנס, עס איז שווער זיך צו שלעפּן,
צו זוכן די ברעקלעך, וואָס דער ווינט פֿאַרווייט אויפֿן וועג.
מען וואַקלט זיך אום אויף פֿיס אויף מידע —
קיין ענד-ציל אין לעבן, אַ שליאַך אָן אַ ברעג.

## בלעטער פֿאַלן

אין שטיבל דעם קליינעם
זיץ איך און טראַכט;
ס'פֿאַרגייט אַ טאָג נאָך אַ צווייטן —
דאַן קומט אָן די נאַכט.

מאָנאָטאָן קלאַפּט דער זייגער,
די שעה איז שוין שפּעט;
איך קוק אַרויס דורכן פֿענצטער,
זיץ אויפֿן ברעג פֿון מיין בעט.

קוק ווי די בלעטער,
זיי ליגן אין שטויב;
ס'גייט אַ קליינער רעגן,
קלאַפּט שטיל אין מיין שויב.

אַ מאָדנער געדאַנק
קומט און פֿאַרשווינדט,
דאָס האַרץ גיט אַ ציטער
ווי די בלעטער אין ווינט.

פֿאַרוויאַנעטע בלעטער
ליגן ביים ברעג;
אַזוי ווי נשמות
פֿון פֿאַרגאַנגענע טעג.

פֿאַרגייט לאַנגזאַם דער זומער,
פֿאַלן בלעטער אַראָפּ;
אַזוי אויך צוביסלעך
ווערט גרויער מיין קאָפּ.

## צער

!

איך זע אַזוי פיל צער
אין דיינע טריבע אויגן;
נאָר דיין עלנטקייט
האָט מיך צו דיר געצויגן.

דאָס לעבן האָט דיך
ערגעץ ווייט פאַרטריבן;
פון דעם גאַנצן גערויש
ביסטו אַליין פאַרבליבן.

אַזוי ווערט אַ מענטש פאַרוואָגלט;
אַזוי ווערט אַ לעבן צעשטערט;
צי קען איך דיר העלפן?
צי האָט מיין הילף אַ ווערט?...

## מיין פאָלק

איך האָב שטאַרק ליב מיין פאָלק,
ס׳פּאַלט אָפּט שטיל אַ טרער;
איך וויל אים זען באַפרייט —
דאָס לעבן איז צו שווער.

ס׳ברויזט אין מיר אַ קוואַל,
אַ קוואַל פון הייסער ליבע
צו מיין אָרעם פאָלק
אין די טעג די טריבע.

וויל וואַרעמען דיין האַרץ,
ווי זון אויף קאַלטע וועגן;
וויל ברענגען די וואַנדערנדע
צו זייערע ברעגן.

איך וויל דיר העלפן, מיין פאָלק,
זיך באַפרייען פון דעם צאָרן;
זאָלסט זיך אויסרוען שוין
פון דיינע גלות־יאָרן....

## ניט אויפגעבן...

מיר דאַכט — איך בין געשטאָרבן,
זיץ איך שטיל און וויין;
עס איז אַ שווער לעבן —
דאָך ווילט זיך ניט פאַרגיין...

דורך שטורעם און דורך ווינטן
כ׳בין געגאַנגען באַרג אַרויף;
איך וויל ניט גיין אַרונטער —
איך גיב׳ם נאָך ניט אויף.

אין די שווערסטע ליידן
זינגט אַ חיות דאָס לעבן;
און איך גיי אַלץ ווייטער,
איך וועל׳ם ניט אויפגעבן!

## ווען ניט קומען

וועט ניט קומען קיין באַגינען?
איז די וועלט אַראָפּ פון זינען?
צי בין איך אַליין געשטערט,
און אפשר איז עס פאָרט פאַרקערט?

דאָן איז די וועלט — ניט איך דער חולה,
דרייען אום זיך מענטשן הוילע;
איך, אין מיטן פון דעם צאָרן,
האָב מיין גלויבן אָנגעוואָרן.

איז ניטאָ אויף וואָס צו האָפן?
בין איך גאָר פון אַלץ אַנטלאָפן;
און איך האָב זיך אויסבאַהאַלטן
פון דעם לעבן פון דעם אַלטן.

## די וועלט איז פול

די וועלט איז פול מיט שטילע ליידן,
נאָר דער ווינט ער וויינט און קלאָגט;
און די סודות פון דעם לעבן —
ווערן קיינמאָל ניט דערזאָגט...

שניידן שניטער אָפּ די זאַנגען,
בליט אויף פון דאָס ניי דאָס פעלד;
אויך דאַן, ווען כ׳וועל זיין פאַרגאַנגען,
וועט אַלץ ווייטער זיין אַ וועלט.

זונען קומען און פאַרגייען,
און מיט זיי — פיל צער און גליק;
מיר פאַראייביקן דאָס לעבן,
כאָטש מיר קומען ניט צוריק...

## ניט היימיש

איך פיל זיך אין ערגעץ ניט היימיש,
אפילו ביי זיך אין דער היים.
דורך די שמאָלע גאַסן
וואַנדער איך אום אַליין.

איך ברענג ניט דער וועלט קיין גליקן,
ברענג אויך ניט קיין פרייד פאַר זיך;
אפשר גיי איך צו לאַנגזאַם,
אָדער די וועלט גייט מיר פאַרביי צו גיך?

# איך קען ניט פאַרשטיין

איך קען ניט ווייט דערגרייכן,
ווייל איך גיי מיט שטילע טריט;
ווער אויף גיך פאַרמאַטערט —
שטעל זיך אָפּ אין מיט.

ס׳פּלאָנטערט זיך מיין לעבן,
ווי אַ פליג אין שפּין-געוועב;
קען קיין מאָל ניט קומען
דאָרט וואוהין איך שטרעב;

די וועלט האָט ווייטע וועגן,
איך שטיי אויף איין אָרט;
אפשר גיי איך ווייטער,
אפשר איז ד אָ גאָר דאָ ר ט ?

אפשר בין איך פאַרבייגעגאַנגען
דאָס אָרט וואו איך האָב געשטרעבט;
אפשר איז עס צונישט געוואָרן,
נאָך איידער איך האָב געלעבט ?

אפשר וועט עס קומען,
ווען איך וועל שוין פאַרגיין?
די וועלט איז פול מיט סודות —
איך קען זי ניט פאַרשטיין...

## צו וואָס

צו וואָס האָבן אַ האַרץ און נשמה
און דערנאָך שטיל פֿאַרגיין?
צו וואָס פֿיל גליקן און ליידן
און ווערן אַלץ פֿאַרשטיין?

צו וואָס פֿילן די אייביקע בענקשאַפֿט, —
ס'וועט קיינמאָל ניט ווערן דערפֿילט.
שפּילסט אַ שפּיל מיטן לעבן
און ווייסט דו האָסט אַלץ פֿאַרשפּילט,

וואָס איז דער סוד פֿון די סודות?
ס'איז די מורא פֿון פֿאַרגיין /
פֿאַרוואָס איז די וועלט אַזאַ גרויסע?
פֿאַרוואָס בין איך אַזוי קליין?

## אַ בריוו פֿון מיין שוועסטער
(די טענצערין)

מיין ליבע, גוטע שוועסטער,
דאָס לעבן איז דאָ זייער שווער;
פֿון דייטשלאַנד בין איך אַנטלאָפֿן —
דאָ טאַנץ איך ניט מער.

מען האָט ביי מיר אַלץ צוגענומען,
מיין קונסט, מיין איינציק גליק;
אין אַ טאָג אַ גרויזאַמען,
אין קאָנצענטראַציע מיך פֿאַרשיקט.

איך שרייב דעם בריוו מיט בלוט און טרערן,
איך וויים ניט וואָס וועט ווייטער געשען;
איך פֿיל די וועלט וועט לאַנג ניט שווייגן —
נאָר צי וועל איך דעם זיג אַליין נאָך זען?

## מיינע צוויי פריינט

איינער בלאָנד, הויך געוואַקסן,
דער צווייטער — ברונעט און קליין;
זיי קומען זיך ביידע צוזאַמען
אין פיל פרייד און וויין.

מיר טרינקען אינאיינעם לחיים,
ווינטשן זיך געזונט און פרייד;
איך זיץ און קוק אויף ביידן,
כ׳וויל ניט פאַרשאַפן זיי קיין לייד.

איך פיל זיך ניט צו רואיק,
ווייל ביידע האָבן מיך ליב;
מיר לאַכן און שפּאַסן אינאיינעם, —
נאָר די פרייד איז אַביסל צו טריב...

## ווען איינזאַם

ווען איינזאַם כ׳זיץ אין צימער,
נעם איך ערשט פאַרשטיין:
ווי שווער עס איז דאָס זיין צוזאַמען —
נאָך שווערער איז זיין אַליין.

ער איז מיט שטילע טריט אַרויס,
האָט הינטער זיך די טיר פאַרמאַכט;
ווען כ׳האָב דערפילט אַז כ׳בין אַליין
האָב איך געזאָגט „אַ גוטע נאַכט!"...

## איך בין עלנט

אַך, דו עלנט, עלנט מיין,
ביסט מיט מיר שטענדיק דאָ,
טוליעסט מיך זינט כ׳בין אַ קינד,
ביז דער קאָפּ מיינער איז געוואָרן גראָ.

איך ליב דאָס לעבן מיט זיין פּראַכט,
און אַ יעדער מענטש איז נאָענט מיר.
נאָר דו, מיין עלנט, היטסט מיך אָפּ
ווי אַ שומר ביי מיין טיר.

ביז מיין יוגנט שטיל פאַרגייט,
איך זי קאַליין דאָ און טראַכט:
דו, מיין עלנט, גייסט מיר נאָך
ביז קומען וועט דער חושך פון דער נאַכט...

## מען האָט מיר געעפנט די אויגן

מען האָט מיר געעפנט די אויגן,
געגעבן אַ פּאַלאַץ אָן גליק.
איך בין אַרויס אין וועג גליק געפינען
און קען ניט מער קומען צוריק.

אַזוי האַלט איך אין וואַנדערן און זוכן,
און האָב שוין פאַרלאָרן מיין וועג;
און דער פּאַלאַץ — ער שטייט אַ פּוסטער,
ניט געפונען האָב איך צום גליק דעם ברעג.

## וואָס וואָלט איך געטאָן

וואָס וואָלט איך געטאָן מיטן לעבן,
ווען אים וואָלט ניט פאַרענדיקט דער טויט?
עס וואָלט זיך געצויגן אָ אָן אויפהער
יאָרן פון דחקות און נויט.

אַזוי לאַך איך זיך אויס פון די ליידן,
ווייל איך ווייס עס וועט קומען אַמאָל —
אַ סוף צו די טעג צו די בלאַסע,
וואָס ציען זיך גאָר אָן אַ צאָל...

## אַ פרעמדער

אַ פרעמדער צו מיר ביסט געקומען,
אַן אייגענער ביסטו אַוועק;
דו האָסט זיך געשראָקן פאַר מיר,
נו, בין איך גאָר פאַרבליבן אין שרעק...

וועסטו ווידער קומען צו מיר?
אַלץ אַרום דאָ ליגט פאַרטראַכט.
וועסטו ווידער כאָטש אַמאָל זיך דערמאָנען
אין אַ שטילער איינזאַמער נאַכט?

אַלץ אַרום דאָ איז אָונטיק טונקל,
איך וועל זיצן דאָ און וואַרטן אויף דיר,
די טיר פון מיין צימער אי זאָפן,
אוי, קום, אוי קום, אַ שטילער צו מיר...

## איך און דו...

### אין אייביקן אָנדענק לעאָנ׳ען

מיר זיינען אַוועק אויף פאַרשידענע וועגן,
מיר האָבן ניט געפונען קיין רו,
דו ביסט שוין לאַנג פאַרגאַנגען
נאָר דאָך, פאַרבונדן זיינען מיר, איך און דו...

אַ דענקמאָל זיינען אונזערע קינדער,
די ירושה צו זיי געווען איז אַי גרוים, אַי קליין;
אין לעבן זיינען מיר געווען באַזונדער
נאָר אין טויט — מיר וועלן ניט זיין אַליין...

## פאַרגעבן

מען האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין טיר,
און ער איז שטיל אַריין.
איך האָב געוואָלט אַוועק,
נאָר בעסער זאָל שוין זיין!

כ׳האָב מיט טרערן אים באַגריסט,
ער האָט געקוקט אויף מיר פאַרשעמט,
ס׳האַרץ מיינס האָט שטאַרק געקלאַפּט;
ווי קענען מיר זיין פאַרפרעמדט?

מיר האָבן ביידע שטיל געשוויגן,
אין דרויסן האָט געשנייט;
דער שניי האָט יום־טוב׳דיק געטאַנצט —
און מיט אונז זיך מיטגעפרייט...

## אין זעלבן הויז...

אין דער זעלבער גאַס,
אין דעם זעלבן הויז —
דאָ בין איך געוואָרן אַלט,
דאָ געוואָרן זיינען די קינדער גרויס.

אַזוי פיל פריינט געהאַט,
זיי זיינען מער ניטאָ,
און מיין קאָפּ איז איצט
צוביסלעך שוין גראָ.

אַזוי, פּלוצעם, ניט באַמערקט,
איז אַלץ פאַרשוואונדן אויף גיך;
איך נעם צווייפלען, טראַכטן,
צי בין איך גאָר איך?

איך זיץ ביים פענצטער
און קוק שטיל אַרויס;
אַ שטיק לעבן פאַרשוואונדן —
פון מיר אין זעלבן הויז...

## זיך אויסגעדאַכט...

מיר דוכט דו ביסט לעבן מיר —
דו רופסט מיין נאָמען אויס;
בלאַס, מיד און שטיל,
פון הויז דו גייסט אַרויס...

איך לויף פאַרצווייפלט נאָך דיר,
טונקל קוקט אַרויס די נאַכט;
איך זע קיין שפור, אַ ווינט נאָר וויט —
ס'האָט מיר נאָר אויסגעדאַכט...

## אַ פרוי

עס זעצט זיך לעבן מיר אַ פרוי אין שוואַרץ געקליידט
אירע אויגן שטאַרק פאַרוויינט;
מען דאַרף ביי איר שוין גאָר ניט פרעגן;
יעדער ווייסט שוין וואָס דאָס מיינט.

און עס ווילט זיך איר כאָטש טרייסטן,
כאָטש איך וויים ניט ווער און ווען;
און עס נעמט זיך שטאַרק פאַרדריסן,
וואָס איך ועל זי מער ניט זען...

## שווער...

אין דער הויכקייט פון די וואָלקנס
איך קוק אַרויף און קלער;
דאָס לעבן איז פרעמד אַזוי,
פרעמד און שווער.

יעדער טראָגט אין זיך זיין אומעט,
טראָגט אין זיך די לייד;
און עס ווערט אַלץ שווער און שווערער
אָן אַ ביסל פרייד...

## פּוסט

שטיקלעך לעבנס פּוסט און ליידיק,
נעמט די פּוסטקייט שוין אַזש שטיקן;
ניטאָ אָן וואָס זיך אָנצושפּאַרן,
כאַפּט מען זיך אָן אָן פּרעמדע גליקן.

אַך די גליקן זיינען שווערע,
פול מיט פּחד, פול מיט ליידן;
ווילט זיך גלייך פון זיי אַנטלויפן,
און אויף אייביק זיי אויסמיידן.

## אויפן טויט פון אַ יונגען פריינט

איז אַ יונגער פריינט געשטאָרבן,
טוט דאָס האַרץ שטאַרק וויי,
ווערט אַלץ אין גראָ פאַרצויגן...
צו גיך געקומען דער פאַרגיי.

זינגען פויגל אויפן פרישן קבר,
און ס'גייט די זון אויף — פּורפּור־רויט;
וואַקסן אויפן קבר בלומען,
און אונטן ליגט דער סוד פון טויט...

## וואַן־גאָג

ס'האָט געלעבט אַ ליכטיקער קינסטלער,
און איז שטיל פאַרגאַנגען אין נויט;
באַרימט ערשט איז ער געוואָרן
יאָרן שפּעטער, נאָכן טויט...

געלעבט אין אַן אָרעם שטיבל,
און געמאָלן דעם צער פון דער וועלט;
העלפן פלעגט ער תמיד די שוואַכע,
כאָטש אַליין געליטן הונגער און קעלט.

געמאָלן האָט ער וואונדער־קאָלירן,
כאָטש געזען האָט ער די וועלט אין גראָ;
אויסגעגאַנגען אין הונגער פאַרן לעבן —
איצט קלינגט הייליג זיין נאָמען, וואַן־גאָג.

## דער בעטלער

אין אַ ניו־יאָרקער גאַס,
וואו דאָס לעבן רוישט און קאָכט,
זיצט אין קעלט אַן אַלטער מאַן,
לעבן אַ הויז, און שלאָפט.

אַ הונגעריקער כאַפּט ער זיך אויף,
און קוקט אַרום זיך מיט שרעק;
און מיט מידע, מידע טריט
גייט ער שטיל אַוועק.

ער שלעפּט זיך גאַס־איין, גאַס־אויס,
אין נויט, אין הונגער פאַרטראַכט;
שווער איז אים דער טאָג,
און שווערער נאָך — די נאַכט...

## אָרעמע קינדער

ווען אין הויז איז גוט און וואַרעם,
און אין דרויסן פאַלט אַ שניי;
דערמאָן איך זיך אין אָרעמע קינדער,
די ליידנדיקע — וואו זיינען זיי?

עס איז אפשר זיי קאַלט אַצינד,
און זיי האָבן ניט קיין ברויט;
און זיי האָבן ניט קיין שיכלעך,
און גרויס איז זייער נויט!

איך לויף אַרויס אין דרויסן
און איך וואַנדער אום אין שניי;
און איך זוך און וויל זיי העלפן —
אוי, גאָט, ווער קען באַשיצן זיי?....

## פאַרגעסן

ס'ציען זיך פריידן און טרויער,
ערגעץ ווייט אַוועק;
זיי וועלן צוריק ניט קומען,
בלייב איך דאָ מיט שרעק.

כ'האָב פאַרגעסן שוין צו טרוימען,
ניטאָ קיין מוט צו שטרעבן;
האָב פאַרלוירן מיין גלויבן,
פאַרגעסן בין איך פון לעבן...

## פילן און דענקען

ס׳נאָגט דאָס הארץ,
איך קען עס ניט פאַרשטיין;
ס׳ווילט זיך אַזוי פיל —
די טעג זיינען אַזוי קליין.

שווער איז דאָס לעבן,
ס׳טוט זיך שטענדיק בענקען;
איך וויים ניט וואוהין, צו וואָס?
איך פיל מער, ווי איך קען דענקען...

## פאַרנאַכט

אין מיין לעבן ווערט פאַרנאַכט שיין,
די זון זי גייט לאַנגזאַם אַראָפּ;
איך נעם באַמערקן זילבער פעדים
אין די לאָקן פון מיין קאָפּ.

און דער הימל ווערט אַלץ בלאַסער,
און אַלץ גרויער ווערט מיין קאָפּ;
און עס נעמט אַלץ ווערן טונקעלער —
און ס׳טרעט דער טאָג אויך לאַנגזאַם אָפּ.

איך טונק זיך אין די וואָלקנס
ווי די לבנה בלאַס און טוי;
ביידע זיינען מיר גלייך עלנד,
נאָר דו, לבנה, — לעבסט אייביק, איך — פאַרגיי.

## אין גאַס

איך גיי אין געדרענג אויף די גאַסן,
וואו דאָס לעבן רוישט און זשומעט;
נאָר דער גרויסער מענטשן-טומל —
פילט אָן מיין האַרץ מיט אומעט.

מענטשן לויפן, לאַכן, רעדן,
לויפט איינער פאַרביי דעם צווייטן;
קוקט זיך אָן מיט פרעמדן שמייכל,
אַזוי ציען זיך די מענטשן-קייטן.

ציען זיך דורך שמאָלע גאַסן,
אַוועק אין פרעמדע שטומע וועלטן;
טראָגט זיך יעדער מיט זיין עלנט
אין איינזאַמע געצעלטן.

## זינלאָז...

איז אַ פריינד געשטאָרבן,
בלייבט מען עלנד און אַליין,
אַלץ ווערט אין גרוי פאַרצויגן, —
איז דאָס קומען און פאַרגיין.

זינגען פייגל אויפן בערגל ערד,
גייט די זון אויף פורפור-רויט;
וואַקסן בלומען אויפן פרישן קבר,
און אונטן ליגט דער סוד פון טויט...

## האָסט צו מיר גערעדט

האָסט צו מיר גערעדט,
איך האָב קיין וואָרט ניט געהערט;
מיינע אויגן זיינען געווען פאַרמאַכט.
כ׳האָב פון עפּעס אַנדערש געקלערט.

דו ביסט שטענדיק לעבן מיר,
נאָר דו קענסט מיך ניט פאַרשטיין;
אַ בענקשאַפט נאָגט מיין האַרץ,
זיץ איך שטיל און וויין...

## אַנטוישונג

כ׳האָב זיך אויפגעכאַפּט פון לאַנגען שלאָף,
און דערזען אַ הימל — גאָלד און בלאָ;
זיך גענומען אַ מוטיקע צו דעם טאָג,
אין דער וואונדערלעכער צויבער־שעה.

די זון האָט מיר געשיקט,
אַ לעבנס־שטראַל אין מיין הויז;
זי האָט זיך גערייצט מיט מיר, און געוואונקען,
כ׳זאָל אין דער פרילינג־וועלט אַרויס.

בין איך מיט לעבנס־לוסט אַרויס
און גענאָסן פון דער פרייער וועלט;
כ׳האָב מיט שפּאָט זיך אָפּגעקערט
פון די, וואָס האָבן אין וועג זיך געשטעלט.

בין געלאָפן און געזוכט,
פאַר זיך אַ טראָפּן גליק;
נאָר אַ מידע, אַן אַנטוישטע,
זיך אומגעקערט צוריק.

## קייטן מענטשן

קייטן מענטשן ציען זיך
אין פרי מאָרגן קאַלט און בלאַס
יעדער איילט זיך אין פאַבריק,
מיט טוי איז נאָך פאַרדעקט די גאַס.
אין אַן ענג-געפּאַקטער באַן,
זיצט איינער פאַרצאָרנט —
אַ צווייטער — פול גליק;
אָט לויפט די באַן דורך אַ שמאָלן טונעל,
אָט לויפט די באַן שוין אויפן בריק.
און ווען די באַן קומט אָן אויף אַן אָרט,
איילט זיך יעדער אין דער שטיל;
דער אַהין, און דער — אַהער,
ווי מען טאַנצט אוים אַ קאַדריל.

לויפט מען גלייך אין שאַפּ אַריין,
ניט געלאַכט, און ניט גערעדט,
אויסגעמאַטערט פון דעם וועג,
קומט מען פינף מינוטן שפּעט.

אַ ברוגזער קוקט דער באַלעבאָס,
דער שאַפּ איז גראָ און גרוים;
ווען ניט די יוניאָן, קינדערלעך,
וואַרף איך אייך אַלעמען אַרוים.

עס צעלאַכן זיך די אַרבעטער,
און איינער דעם צווייטן רופט,
נו, מאַך נאָר די פענצטער אויף,
זאָל אַריין פרישע לופט.

דער באַלעבאָס, ער שפּייט און שעלט:
„איר פאַרלירט מיר צופיל צייט;
אַ יוניאָן דאַרף איך אויף מיין קאָפּ
פון אייך וועט שוין ניט זיין קיין לייט".

## שרעק

ס'גייט זיך אַ ייִנגל געמיטלעך,
און פייפט אַ ליד;
איך קוק אים נאָך —
איך בין פון צער אַזוי מיד.

פאַר שרעק פאַר אונדזערע קינדער,
וואָס שלאָגן זיך איצט אין פעלד;
מיט ביקסן און האַרמאַטן —
ווער האָט דאָס באַפעלט?

ס'ווערט אַלץ צעשמעטערט,
וואָס מיר האָבן געבויט;
ס'ווייקט זיך די ערד אין בלוט,
ס'ציטערט די ערד מיט טויט.

פון זאָרג ווערט אַלץ
גרויער דער קאָפּ;
דער הימל אַ בלאָער,
קוקט גאַנץ רויִק אַראָפּ.

## דער מענטש

דער מענטש איז דער העכסטער באַשעפער,
דער מענטש קען צעשטערן די וועלט,
וואָס ער האָט געשאַפן.

נאָר קען ניט באַפרייען דעם שקלאַף
און קען ניט פאַרניכטן דעם הענקער,
וואָס טוט אים פאַרשקלאַפן.

דער מענטש איז העכער
פון אַלע הערן;
און קען ניט פאַרניכטן דעם נאַרער —
וואָס טוט אים פאַרנאַרן...

## אין דעם גאָרטן...

אין דעם גאָרטן פון צאָרן,
וואַקסן שוואַרצע בלומען;
לויפנדיק און זוכנדיק
בין איך אַהין געקומען!

ווערט דער יום-טוב אַזוי גרוים,
שדים שפּילן אויף די האַרפן;
און דער צאָרן פון גרוים שמחה
נעמט די ציינער שאַרפן.

און ער שפּרייט באַלד אוים זיין מאַנטל,
טרנגט מיר אַנטקעגן בלומען;
ביסט ביי מיר אַ גאַסט אַ גוטער,
ווייל דו ביסט אַליין געקומען.

## הייליק

הייליק איז מיר דיין אָנדענק,
ס'שוועבט שטענדיק — דיין בלאַס געזיכט.
ביסט שטיל אַזוי פאַרגאַנגען
ווי די זון אין טונקעלן אָוונט-ליכט.

ביסט שטיל אַזוי פאַרגאַנגען,
ס'שוועבט פאַר מיר דיין ליב געזיכט,
הייליק איז מיר דיין אָנדענק,
כ'צינד פאַר דיר אַ יאָר-צייט-ליכט.

## ווי די בלומען

וועלקט די ליבע ווי די בלומען,
וועלקט און בליט פון זיך;
אויך די ליבע, ווי די בלומען,
וועלקט אָפּ אויף גיך.

בליט דאָס לעבן ווי די פלאַנצן,
קומט און טוט פאַרגיין.
ריים איך אַלץ אָפּ פרישע בלומען
ביז איך וועלק אַליין . . .

* * *

קינדער לאַכן, קלייבן בלומען,
פלעכטן אוים אַ קראַנץ;
זיי נעמען זיך פאַר די הענטלעך
און לאָזן זיך אין בלומען־טאַנץ.

## צו אַ קינד...

עס איז דיין קומען מיר שטאַרק טייער,
זאָלסט אַלץ וועלן וויסן און פאַרשטיין;
די זון פאַר דיר זאָל שטענדיק שיינען,

פון פרימאָרגן — ביז דער זון׳ס פאַרגיין.
קלייב זיך אוים אַ וועג אַ פרייען, —
און גיי קיין מאָל ניט באַרג אַראָפּ,
שטייגן זאָלסטו העכער, ווייטער,
און רופט דאָס לעבן דיך — ענטפער אָפּ.

## טרעגער פון דער וועלט

ליבע קינדער, פרילינגס בלומען,
איר זייט די טרעגער פון דער וועלט.
נעמט דאָס לעבן ווי איך לוינט זיך,
גייט און שפּילט ווי איך געפעלט.

נעמט און גיט, און וועבט צוזאַמען
גליק מיט צייט, און לוסט מיט פרייד.
זאָל דאָס אַלטע אייך ניט שטערן;
לאַכט זיך אויס פון פוסטע רייד.

קינדער־יאָרן, פרילינגס־צייטן,
אַלטע וועלטן זיינען קליין.
ווען עס בליען אויף די פעלדער —
קען דער ווינטער ניט פאַרשטיין...

## טייבעלע

1

איך האָב אַ קליין מיידעלע
איז זי ליב און שיין;
דערציילט זי וואונדער מעשה׳לעך,
וואָס זי טראַכט אויס אַליין.

פאַרקנייטשט זי איר קליין שטערנדל,
דערציילט מעשהלעך אָן אַ צאָל;
און אין מיטן דערציילן,
זי צעלאַכט זיך מיטאַמאָל.

2

איך האָב אַ קליין מיידעלע,
איר נאָמען איז טייבעלע;
ווען זי קען ניט גיין אין גאַס,
קוקט זי דורכן שייבעלע.

פליט פאַרביי אַ קליין פייגעלע,
גיט אין שויב אַ פּיק ;
צעלאַכט זיך מיין קליין מיידעלע,
און ענטפערט איר צוריק.

„קום אַריין, קליין פייגעלע,
רו זיך ביי מיר אויס;
עס און טרינק אַ ביסעלע,
דאַן לאָז זיך צוריק אַרויס״.

3

דו ביסט אַריין אין מיר,
אין אַלע מיינע גלידער.
דו ביסט אַ ליד
פון מיינע לידער.

דו זינגסט צו מיר
אין מיינע אומעטיקע שטונדן,
ווי די זון וואַלט —
אין פינצטערניש אַריינגעדרונגען.

דו ברענגסט דעם ניגון מיר,
פאַר מיין ליד — די קלאַנגען —
פלאַטערסט ווי אַ שמעטערלינג
צווישן זאַנגען.

4

דו וואונדער־חלום, ביסט מיין טרוים,
בליסט אַן זון, בליסט מיט פרייד;
איין בליק נאָר אויף דיין געזיכט —
פאַרגעס איך אַן מיין צער און לייד...

מיט מיינע שוואַכע כוחות שטיל,
באַשיץ איך דיך, מיין קינד;
פאַרשאַפסט מיר צער מיט גליק ביינאַנד,
דו ליידסט פאַר מיינע זינד...

## צו מיין מיידעלע הענעלע

איך האָב אַ קליינע הענעלע,
זי איז אַ שיינע מיידל;
ווען זי טרינקט מילך,
באַגיסט זי דאָס נייע קליידל!

האָט זי בלויע אייגעלעך
מיט אַ קליין נעזל,
זי טאַנצט און שפּרינגט אַרום
ווי אַ קליין העזל.

לערנען האָט זי ניט ליב —
זי האָט ליב צו קלייבן בלומען;
דערפאַר פלעגט זי אין שול
שטענדיק שפּעט קומען.

איך האָב שטאַרק ליב מיין הענעלען —
זי איז גוט און שיין;
איך פאַרגיב איר אַלצדינג
זי איז נאָך אַזוי קליין...

## אַ מאַמע

1

אַ מאַמע האָט צוויי מיידלעך,
ביידע זיינען שיינע;
איינע — אַ גרויסע שוין,
די צווייטע איז נאָך אַ קליינע.

האָט איינע שוואַרצע אייגעלעך,
און די צווייטע — בלויע;
און די מאַמע — נחת קלייבט,
און ווערט דערוויל — אַ גרויע...

וואַקסן גרויס די מיידעלעך,
דאָס לעבן רופט און שיינט;
זיי טרעפן זיך מיט יינגלעך,
און ווערן גוטע פריינט.

בויען זיי זיך שטיבעלעך,
פאַר זיך פון מאַרבל-שטיין;
די מאַמע שוין אַן אַלטינקע,
בלייבט איבער גאָר אַליין...

2

וויגט אַ ווינט די צווייגלעך,
פאַלן בלעטלעך אַראָפּ;
וואַקסן גרוים די קינדערלעך,
ווערט גראָ דער מאַמעס קאָפּ.

פאַרלאָזן זי די קינדערלעך,
ווערט דאָס געמיט איר שווער;
ווערט איר וועלט אַ קליינינקע —
פאַלט שטיל אַראָפּ אַ טרער.

## ווייל דו ביסט...

ווייל דו ביסט שנעל געלאָפן,
האָט זיך דיר פאַרדרייט דער קאָפּ;
האָסט ניט געוואָלט זיך אָפּשטעלן —
ביסטו געפאַלן באַרג אַראָפּ.

מוזסטו זיצן איצט און רוען
און פאַרלירן אַ סך צייט;
געדענק! ווען פּאַמעלעך וועסט גיין,
אָנקומען וועסטו ווייט...

# חנה׳לע מיט בערעלע׳ן

חנה׳לע מיט בערעלע׳ן טוען אויף גרויס וואונדער,
וועןביידע צעשרייען זיך — לויפן זיי באַזונדער;
איז דער מאַמען פון גרויס שרעק אַרויסגעפאַלן אַ שיסל,
פאַלט בערעלע פון בעט אַראָפּ און חנה׳לע פון טישל.

האָט בערעלע אין אַ נאָווינע זיך אַראָפּגעקייקלט פון די
שטיגן,
האָט די שיינע חנה׳לע אויך ניט שטיל געשוויגן;
זיי האָט זיך מיט אַ נעגעלע דורכגעלעכערט דאָס צינגל,
נאָר די מאַמע האָט פריער געמוזט ראַטעווען דאָס יינגל.

אוי, די שוואַכע מאַמעניו האָט שוין מער ניט קיין כוח,
מיט אַ געוויין לויפט חנה׳לע און האַלט זיך פאַרן בויך;
און נאָך איר לויפט בערעלע — ער האָט זיך פאַרשטאָכן
אַ פיסל —
און די קליינע חנה׳לע אַראָפּגעשלונגען האָט אַ שליסל...

## יעגער...

אין די וועלדער לעבן האָזועלעך,
לויפֿן זיי הין און הער;
קומען יעגער אָן פֿון ווייטן
מיט זייער שיס-געווער!

גיט איינער אַ שאָס אין קליינעם העזל,
פֿאַלט עס אויפֿן בויך
און פֿון ביקס פֿון לאַנגגן, שמאָלן,
עס גייט אַ גרויער רויך.

ציטערן אין וואַלד די קלאַנגגען,
עס טראָגט זיך ווייט אַוועק;
האָזועלעך האָבן פֿיינט די יעגער —
שפּרינגען זיי אום פֿון שרעק.

## פרייטיק-צו-נאַכט

### מיין מאַמען אין הייליקן אָנדענק

מיין מאַמע ,אַ שטילע, אַ פרומע,
זי גרייט דעם שבת מיט פרייד ;
זי שטעלט די ליכט אַריין אין די לייכטער,
און טוט אָן איר שבת-זיידן קלייד.

ווי אַ הייליקע שטייט זי פאַר די ליכט,
די הענט צו די אויגן צוגעדריקט,
פאַר די ליכט זי בענטשט און בעט
צו גאָט אַ שליחות זי שיקט ;

„אוי, גאָט, היט אָפּ מיינע קינדער !
„באַשיץ זיי ווי מיינע אויגן אין קאָפּ ;"
זי שטרעקט אירע הענט צו די לייכטער, —
„קער זיך פון אונז, חלילה, ניט אָפּ..."

פון שול קומט דער טאַטע מיט פרומע טריט,
מיר דערוואַרטן אים מיט כבוד אין הויז ;
מיר זיצן ביים שבת-טיש דעם געגרייטן
ביז די שבת-ליכט ברענען אויס...

## דאָס ליד פון מיין מאַמען

איך הער דאָס ליד פון וויגעלע,
וואָס איז מיר גוט באַקאַנט;
אַ ליד פון אַ ווייס ציגעלע
און אַ גלעט פון אַ צאַרטער האַנט.

איך זע נאָך דעם שמייכל דעם ליבן,
פון דער מאַמעס אויגן, די מילדע ;
ס'ווילט זיך אַ קינד צוריק ווערן
און לויפן איבער לאָנקעס ווילדע...

## אין פריען מאָרגן

צו פרי האָב איך זיך אויפגעכאַפּט,
עס האָט ערשט גענומען טאָגן,
אַ הינטל פון ווייטן בילט,
ווי ר'וואָלט עפּעס וועלן אָנזאָגן...

אַ קעצל דערשראָקן לויפט,
ווי זי וואָלט פון עפּעס וואָס אַנטלאָפן;
מיין קינד לעבן מיר
איז רואיק נאָך געשלאָפן.

די לבנה בלאַס פאַרטראַכט,
ווי זי וואָלט זיך מיט דער וועלט געזעגנט;
די בלעטער רוישן פון דעם בוים,
ווי עס וואָלט שטיל גערעגנט.

נאָר אַ מילכמאַן שטילערהייט
איז פאַרבייגעלאָפן;
די וועלט פאַרדעקט מיט אַ טומאַן
איז אויך שטיל געשלאָפן.

## מיין מאַמע

געל און פינצטער צאַנקט אַ ליכטל,
עס ליגט די מאַמע אויפן דיל ;
אַן אַלטע פרוי זיצט לעבן איר,
און מורמלט עפּעס אין דער שטיל.

איך זיץ דערשראָקן אין אַ זייט,
אין מיין טרויער דאָ אַליין ;
וואָס דאָ האָט אַצינד פּאַסירט,
קען איך בשום אופן ניט פאַרשטיין.

דאָס הויז איז פול מיט שווער געוויין.
עס זיצט יעדער אין זיין צער פאַרטראַכט ;
און עס לאָזט די מאַמע מיך אַליין —
מיך שרעקט אַזוי די שוואַרצע נאַכט.

## אין סי־געיט

אין סי־גייט טוט זיך וואונדער —
איך שווער אייך ביי מיין טאַטן;
תלוש רוקט אַ הערינג אין אויוון,
און נעמט אַרויס אַ בראַטן.

מיר מאַכן אָפּטע שמחות,
בולקעס איז דער עיקר;
ס׳גיסט זיך ווײַן ווי וואַסער
און קיינער ווערט ניט שיכור.

בערנשטיין זיצט אַ בלאַסער,
ווי ס׳וואָלט זיך מיט אים געטראָפן אַ סיבה,
דאַשעפּסקי ווערט באַגייסטערט
און דערקלערט זיך זיין ווייב אין ליבע...

## רעגנדל

רעגנדל, רעגנדל,
וואַש אונדזער גאַס ;
באָרוועסע קינדערלעך
וועלן האָבן פיל שפּאַס.

רעגן און זון
מאַכן בעקעלעך רויט ;
באַנעצטן די פעלדער —
וואַקסט קאָרן און ברויט.

רעגנדל, רעגנדל,
ברענג אונדז אַ סך גליק ;
דערנאָך פאַרשווינד —
אין הימל צוריק.

## די זון

נאָכן רעגן,
קומט די זון אַרויס,
זי גלעט און וואַרעמט
און טריקנט אַלצדינג אויס.

קינדערלעך טאַנצן, זינגען
מיט פרייד אַ סך און מוט,
און דערציילן גאָטס וואונדער,
וואָס די זון פאַר מענטשן טוט...

# אינהאַלט:

זייט

## 1) נאַטור־לידער


פרילינג — 7
נעכט — 8
צווי שכנים — 9
מיט די וואַסער־ליליעס — 10
אַ זומער רעגן — 11
שטייט אַן אַלטער שלאָס — 12
ערשטער מאַי — 12
פאַרנאַכט — 13
שטיי איך אויף אַ הויכן באַרג — 13
אין די הויכקייטן — 14
קומט דער ליבער זומער — 15
ביים שוואַנען טייך — 16
פאַרנאַכט — 16
אַ ווילדער געלעכטער — 17
פון אַ הויכן באַרג — 17
ניו־יאָרק — 18
עס פאַלן בלעטער — 19
האַרבסט — 19
דער ווינט — 20
צום ערשטן מאַי — 20
ווינטער — 21
ביים ברעג פון ים — 21


## 2) אין בענקשאַפט


פרייד — 25
אין שטילע נעכט — 25
אין בענקשאַפט — 26
דאָס האַרץ — 26
פייגל זינגען — 27
אַלע מענטשן זיינען ליבע — 27

זייט


אַ חלום בלויז געוועזן — — — — — — — — 28
דער קאָנצערט — — — — — — — — — — 2צ
אין אַ נאַכט אַ בלויער — — — — — — — 29
ווען איך זאָל זיין — — — — — — — — — 30
איך האָב קיינמאָל — — — — — — — — — 31
ס'איז קורץ דאָס לעבן — — — — — — — — 31
אין מיין שטילן אומעט — — — — — — — — 32
עס בענקט זיך — — — — — — — — — — 33
זעסט — — — — — — — — — — — — — 33
איך בין שטיל און זאַל אַריין — — — — — — 34
פאַרוואָס — — — — — — — — — — — — 35
בענקשאַפט — — — — — — — — — — — 35
איז דאָס לעבן — — — — — — — — — — 36
צוויי ליבסטע — — — — — — — — — — 37
פרייד און טרויער — — — — — — — — — 38
גליק — — — — — — — — — — — — — 38
מיט דיר — — — — — — — — — — — — 39
צו . . . — — — — — — — — — — — — 40
איך חלום — — — — — — — — — — — 41
צום ים — — — — — — — — — — — — 41
אָפּגעענטפערט — — — — — — — — — — 42
דער רוף פון לעבן — — — — — — — — — 42
איך ליב דעם בלויען הימל — — — — — — — 43
ווען דער שטורעם — — — — — — — — — 43
זועט אַ ווינטל — — — — — — — — — — 44
צו אַ פייגעלע — — — — — — — — — — 44
אין דער פרי — — — — — — — — — — — 45
פאַנטאַזיע — — — — — — — — — — — 45
פאַרלאַנגען — — — — — — — — — — — 46
דאַכט זיך, די וועלט איז גרויס — — — — — 46
אַליין — — — — — — — — — — — — — 47
אין באַן — — — — — — — — — — — — 47
ווען איך — — — — — — — — — — — — 48
איך זינג — — — — — — — — — — — — 48
די פרייד פון אַמאָל — — — — — — — — — 49
זאָגסט איך בין — — — — — — — — — — 49
פאַרוואָס — — — — — — — — — — — — 50
מאַסן — — — — — — — — — — — — — 50
אַ ביסל רו — — — — — — — — — — — 51
שיין איז דאָס לעבן — — — — — — — — — 51

אַ נײַ ליד — 51
אין מעדיסאָן סקווער גאַרדן — 52
נײַע טענער — 53
מיטן לעבן — אַ שפּיל — 54
עס בויט זיך שוין — 55
שטורעם־ווינטן — 55
מײַנע פרײַנד — 56
ווען דער טאָג איז שטיל פאַרגאַנגען — 56
אַ דערמאָנונג — 57
דער קאָפּ ווערט גרוי — 57

## 3) פון לײַדן און צער

דאָס לעבן — 61
פּסח — 62
דער לאָמפּן צינדער — 63
גיי איך לאַנגזאַם — 63
צעבראָכענע לעבנס — 64
בלעטער פאַלן — 64
צער — 65
מײַן פאָלק — 66
ניט אויפגעבן — 67
וועט ניט קומען — 67
די וועלט איז פול — 68
ניט היימיש — 68
איך קען ניט פאַרשטיין — 69
צו וואָס — 70
אַ בריוו פון מײַן שוועסטער — 70
מײַנע צוויי פרײַנד — 71
ווען אײַנזאַם — 71
איך בין עלנט — 72
מען האָט מיר געעפנט די אויגן — 82
וואָס וואָלט איך געטאָן — 73
אַ פרעמדער — 73
איך און דו — 74
פאַרגעבן — 74
אין זעלבן הויז — 75
זיך אויסגעדאַכט — 75
אַ פרוי — 76
שווער — 76

פוסט — 77
אויפן טויט פון אַ יונגן פריינט — 77
וואַן גאָג — 78
דער בעטלער — 78
אָרעמע קינדער — 79
פאַרגעסן — 79
פילן און דענקען — 80
פאַרנאַכט — 80
אין גאַס — 81
זיגלאָז — 81
האָסט צו מיר גערעדט — 82
אַנטווישונג — 82
קייטן מענטשן — 83
שרעק — 84
דער מענטש — 85
אין דעם גאָרטן — 85
הייליק — 86
ווי די בלומען — 86

## 4) מיין מאַמע — מיינע קינדער

צו אַ קינד — 89
טרעגער פון דער וועלט — 90
טייבעלע — 91
צו מיין מיידעלע הענעלע — 93
אַ מאַמע — 94
ווייל דו ביסט — 05
חנהלע מיט בערעלען — ,6
יעגער — ״7
פרייטיק־צו־נאַכט — 97
דאָס ליד פון מיין מאַמען — 99
אין פריען פרימאָרגן — 100
מיין מאַמע — 101
אין סי־געיט — 102
רעגנדל — 103
די זון — 104